# באנקעטישע
# קראנקהייט



1942

פון

## מ. קוק

הגד לעמי פשעם (ישעיה נ"ח)

# באנקעטישע קראנקהייט

פון

מ. קוק

---

אבינו מלכנו, שלח רפואה שלימה
למחלת באנקטי עמיך

ובהך גיסא הלולה וחגגא
(גיטין נ"ז)

מיחדא קא חדי בי יהודאי
(גיטין שם)

טבת תש"ב

## טעות אוים בעסערונג

| זייטע | שורה | די ווארט | דארפזיין |
| --- | --- | --- | --- |
| 4 | 28 | אנעקענונג | אנערקענונג |
| 9 | 17 | באבלען | בארבלען |
| 23 | 5 | דירעקין | דירעקשין |
| 33 | 11 | ———— | תחת |

געווידמענט צו די אידישע סלעקערס ,
עסערס און טרינקערס, די יעניגע וועלכע
זײנען זיך משמח אויף פערזענליכע שמחות ,
און גיזעלינשאפטליכע באנקעטין , און נעמען
זיך ווײניג צום הארצין , דעם בראך פון
דעם אלגעמײנעם יורענטהום .

דער פערפאסער

M. COOK
5636 N. 19th STREET
PHILADELPHIA, PA.

דער צוועק פון דער בראשורע, איז נישט צו זאגען מוסר דעם אמריקאנער יודענטהום, ווייל מוסר אין איצטיגען מאמענט קען שוין העלפען ווי א „טויטע באנקעס" , די שוידערליכע קראנקהייט, וועלכע האט אן שוב רחמנות אטאקירט דעם גרעסטען טהייל פון דעם אמריקאנער יודענטהום, איז גענוג קריטיש, אז ניט נאר מוסר, אפילו א „טאטער" וועט ניט העלפען, די קראנקהייט האט פארכאפט אלע קלאסען פון פאלק, פון דעם המון, ביז דעם העכערען עלעמענט, פון דעם שוהל איד, ביז דעם זאגענאטען ראדיקאל, די קראנקהייט רופט זיך לויט מעדיצינעשע פארשער :

„א ב י ל ה ב א נ ק ע ט י ן"

די קראנקהייט טראגט ר"ל , אן עפידעמישען באראקטער, דער וועלט באשעפער אליין , זאל זיך מרחם זיין, און זאל שיקען צום „חולה" א רפואה שלימה .

דיזע שורות ווערען געשריבען אונטער דעם איינפלוס פון הארץ רייסענדע גישרייען מעבר לים, פון דעם גאנצען יודענטהום אין יוראפ, וועלכער איז פאראוטהיילט גיווארען צום אונטערגאנג, דורך אלערליי „מיתות - משונות" , הונגער, קראנקהייטען, לויט דעם פראגראם פון די „תוכחה" , מיט אירע שוידערליכע קללות . דער אומגליק איז פארשפרייט, אין פילע לענדער, ווי א מגפה, אויף די ימים, און אויף יבשה, טויזענדער אידען וואנדערין אלט, יונג, מאן, פרוי, דערוואקסענע, און בייבים, איבער מדבריות, שטארבען פון קראנק - הייטען, הונגער , דורשט, היץ, קעלט, קינדער ווערען אפגעריסען פון עלטערען, פרויען פון זייערע מענער, משפחות ווערין צוטהיילט, צו שפרייט, די יללות פון די אומגליקליכע שפאלטען די הימלען, און קיינער ענטפערט ניט אויף זייער רעטונגס גישריי .

## באנקעטישע קראנקהייט

שטעה אויף פון דיין קבר ירמיהו הנביא, שרייב אויף נאך א מאדערנע „קינה" אויף דעם איצטיגען חורבן , אויף דעם „שבר בת עמי" דער בראך פון מיין פאלק , וועלבער איז טויזענד מאהל ערגער ווי אמאליגער „חורבן ירושלים" וועלבען דו גרויסער פאלקס מקונן, האסט באקלאגט . פערפאס א נייעם „איכה" וועלבער זאל פילייבט קענען צוברעכין די הערצער פון דעם זאטין אמעריקאנער איד .

די שורות ווערין געשריבען אונטער דעם איינפלוס פון טאג טעגליבע געדרוקטע נייעסען אין די פרעססע, וועלבע דער ציילט די „מעשי תעתועים" פון דעם מאדערנעם „המן" מיט זיינע אשמדאי משרתים אין אלע לענדער, וועלבע באגריסען מיט טהירישען פארעניגען דעם אונטערגאנג פון יודענטהום, מיט זייערע רעפארטען צום שר המשחית מיט שמחה, אז דאס פולישער יודענטהום גייט אונטער, די אידישע באפעלקערונג שטארבט אויס אין מאססען, אלט, יונג, אין די לופטלאזע געטהאס, אן מעדיצינישע הילף, אין אזא פורעניות צייט, ווען „שכול ואלמן" האט געטראפען דאס אידישע פאלק, צרות און רדיפות וועלבע האבען ניט קיין גלייבען אין היסטאריע, פילייבט איז כדאי געבין א קריטישען בליק, און שטודירין די מעשים פון דעם אמעריקאנער יודענטום אין יעצטיגער „עת צרה" , און זובען דעם פאלקס „מסירת נפש" פאר די אומגליקליבע וואנדערער פון אונזער פאלק, איבער דאס גאנצע וועלט. פילייבט איז כדאי אבלעטער טאן די היסטאריע און זובען דעם צוגלייך פון מסירת נפש פון יענע אידען אין די אויסברובען פון פורעניותן ווי גירוש שפאניע, און גזירות ת"ת, פון יענע אידען ברידער וועלבע האבען דאן אויך גיהאט א זכות אין מאנבע לענדער ניט צו בארירט ווערען פון זייער רוהיגען לעבין אין די גאט גיבענטשטע לענדער אמאל, ווי דאס אמעריקאנער יודענטהום יעצט, יענער מסירת נפש איז גיוועז אויסער גיוויינטליך גרויס, הילף האט

גישטראמט פון אלע זייטען, עס איז געווען א פער-
ווילינקייט וואס האט באלויכטען ווי א שטערן יענע
פינסטערע צייטין. און דערלעזער זאל מאכען דעם
פאראלעל צום מסירת נפש פון יעצטיגען מאדערנעם
ציוויליזירטען יודענטהום, ווי אזוי דער פאלק
ענטפערט אויף דעם שוידערליכען פאלקס גישרייען
פאר רעטונג פון אונזערע גלויבענס געגאסין אין
די ארצות הדמים וועלבע נויטיגען זיך אין הילף,
וועט דער זובער, בעאבאכטער באלד אויסגעפינען,
אז אונזער אמעריקאנער איד, איז אין דעם הינזיכט
אין אבסאלוטען באנקראט.

## גישיכטע שרייבער.

שרייבער וועגען דיזע היסטארישע צייט, וועלען
אויך אפגעבין זיך מיט די זעלבע פראגע, פאר-
צייכענען פאר די צוקונפטיגע דורות, ווי האט
זיך מיחס גיווען דער גליקליכער אמעריקאנער איד,
צו די הילף אקציע פאר די נזיטליידענטע, ער וועט
זוכען אפערווילינקייט, מסירת נפש, לײדער וועט ער
דעם מין ניט געפינען, דער גישיכטע שרייבער
וועט אבער אויף יעדען שריט אין אפולע מאס
גיפינען פאלגענדעס:

1. פארשטיינערטע הערצער פול מיט עגאיזם.

2. גלייכגילטיגקייט אין פולען זין פון ווארט.

3. ארויספאר פאר פלעזשור מיט אייגענע פאמיליעס
אין שעהנע אטאמאבילען.

4. פיקניקס, באנקעטין, פיערונגען פון הילצערנע,
זילבערנע, גאלדענע יובילייאומס, חתונות,
בר-מצוה, מיט דעם גאנצען טאראראם.

5. קארטען, „ברידזש גיימס” פון יונגע פרויען
בצבור, מיט פרייליכען גילעכטער, און סיגאר-
רעטלאך אין מויל.

6 . שעהנע יונגע פרזיען אין מאנכע קאנסער־
וואטיווע קאנגרעגיישענס, שוהלען און כאהר
„ימים נוראים" אין מזרח, אחת לימין החזן
ואחת על שמאלו .

7 . גיזאנגען פון „הבה נגילה" און „הבה נרננה"
ביי שלש סעודת־ן, וואו מען עסט, און מען
טרינקט לרוב, אפילו איבער די מאס .

8 . „נסבים" , וואס מען גיסט אין האלז,
אלקאהאלישע גיטראנקען, שנאפס, ביר, אין
אונזערע טייל ארטאדאקסישע און קאנסערוואטיווע
שוהלען ביי יאהרצייטען, פאר „עליית נשמה" ,
א נייער מין אידישקייט, וואס מען פראקטיצירט.

9 . טאג טעגליכע באנקעטען לשם אבילה, ווערין
גימאכט אלע מאנטיג, און דאנערשטיג, מיט
דעם בלינדען תירוץ לשם רעליעף, הילפס־
אקציע פון לאנדסמאנשאפטען, וואו מען עסט
לרוב, און מען איז זיך משמח ביי געדעקטע
טישען, ווי אין גוטע פרייליכע צייטען,
אבער צו דער געוואונשטער ציעל ווערט דערגרייכט
הילף פאר די באטרעפענדע אומגליקליכע,
בלייבט אפראגע צייכען .

א ווירקליכע פאסירונג .

ניט אפאנטאסטישע בילד וועט דער שרייבער
שילדערין פאר די לעזער, נאר אווירקליכע וואס האט
לעצטענס פאסירט אין פילאדעלפיע, מען האט
אדווערטייזט אין די צייטונגען א „קבלת פנים" פאר
א אמתע וויכטיגע פערזענליכקייט, וועלכע האט זיכער
פארדינט אנעקענונג, אלס סענאטאר אין דעם
פולישען סיים, מיט זיין ארויסטריט תמיד צו
גונסטען דעם פולישען יודענטהום , אזא „קבלת
פנים" לויט הלכות אמעריקא, קען דאך אן א
באנקעט זיך ניט באגיין , עס זיינען גיקומען

## באנקעטיש קראנקהייט

באטרעפענדע „מקוננים” און „מקוננות” , קלעגער
אויף אונזער נאציאנאלען בראך, מיינער פארפוצט
אין „בגדי זונטאג” , פרויען ערשט ארוים ציקומען
פון „ביוטי־פארלארס” , די ליפען, און די
נעגיל צוגיפיגסט על פי חוקי המארע מען האט
גוט אונטערגיאכעלט דעם ריכטיגען דינער,
„בשר וכל מטעמים” , מען האט אויך פאר סמוקט
געמיטליך דעם בעסטין סיגאר, און די אנוועזענדע
יונגע קאקעטישע פרויען, זייער סיגארעטלאך,
מען האט „גיבייגעלט” דעם רויך, מיט אגיהעריגען
הרחבת הדעת, פשוט, עס איז געווען וואס מקנא
צו זיין, און אויסשרייען : „אשרי העם שככה לו” !
בראווא צו א גיזעלינשאפט וועלכע איז זיך משתתף
מיט מסירת נפש בצער האומה, עס איז ניט וויכטיג
מאריך זיין וועגין דעם אלגעמיינעם פראגראם ,
די קרעפטע, די רעדנערס, מיט דעם טשערמאן
וועלכער איז גיווען אפענהערציג מודה זיין, אז
דער באטרעפענדער פארבאנד, האט ליידער אין די
לעצטע צוויי יאהר אבסאלוט גארנישט גיטאן פאר
די נזיטליידענטע, נודדים, אומגליקליכע אידען.
די צוהערער, און דער שרייבער, האבען גיטראכט,
אז אבער יעצט וועט גיוויזען ווערען פרוכטבארע
ארבעט, און אז די הילפס־אקציע וועט פארצוויי־
פאכט ווערען, לטובת די פאנדען, און א בייספיל
וועט שוין אויפין ארט גיוויזין ווערין מיט אפרופען
זיך מיט בעדייטענדע סוממען פאר דעם נאבעלען
צוועק. ליידער איז די האפענונג ניט ערפילט געווארין
קיינע נדבות איז אנאנסידט גיווארין, מעגליך אז
די חשובע געסט, נאך אזא זאטען דינער, זיינען
גאר אוועק אין טיאטער, און פערוויילונגס פלעצער,
אביסעלע צושטרייטען די רעיונות, וועלכע האבען
צוגידריקט די „נאבעלע הערצער”, וואס די
רעדנערס זיינען גיווען די סבה, אין זייער
שילדערן דעם פאלקס אומגליק, דער האלל וועלט
צו ביסלעך ליידיג, דער טשערמאן איז אויך
מעגליך געווען אין אפארלעגענהייט, און האט

פארשטאנען אז דער באנקעט וועט קריטיקירט ווערין, האט ער לפנים יוצא גיווען מיט א באקאנטמאכונג פון א סאסייעטי, וועלבע איז ערגעץ וואו הינטער די „הרי חושך", א נאמען פון „הפטורת חשעה באב", למשל, אז די סאסייעטי „אוהבי אבילה" האט מנדב גיווען פינף הונדערט דאללער, און אז א צווייטע קערפערשאפט „אנשי זוללים וסובאים", האבען גיגעבען צוויי הונדערט דאללער, און דער קבלת־פנים באנקעט האט זיך אין א שיינעם אָרדענונג גישלאסין, און די אומגליקליבע לאנדסלייט זיינען פאלקאם גיהאלפין גיווארין.

## משה רבינו־ס נבואה

אה, „מי יגלה עפר מעיניך משה רבנו" ווער קען דיך אויפוועקין פון דיין שלאף אין דיין געהיימסטולען קבר, וואלסט אויפגעשטאנען, און וואלסט גיזעהן די ווירקליבקייט, ווי דיינע ווערטער, און דיין תורה איז פינקטליך ערפילט גיווארין, בעפאר דיין טויט, און דיין געזעגענען זיך מיט דיין פאלק, האסטו בחוש גיזעהן דעם עתיד פון כלל ישראל אין אמעריקא, דו האסט גיזאגט דיינע טרויעריגע אפעלירענדע ווערטער פון נבואה, „וקראת אתכם הרעה באחרית הימים" (דברים לא־כ"ט) וועגין די שודערליכע קאטאסטראפע, וועלבע אין שפעטסטע יאהרען וועט טרעפין דאס פאלק ישראל, דו האסט פאראויס גיזעהן די „צרות רבות ורעות" (דברים לא־י"ז זעה תלמוד חגיגה דף ה־א) דו האסט אין גאנס נאמען גיזאגט די שודערליכע ווערטער „והסתרתי פני מהם" (דברים שם), די אנשיקענעם פון דעם מאדערנעם המן, וועלבער וועט אן רחמנות רודפין די „שה פזורה ישראל", די עלינטע שעפעלע, און וועט מאכען א תל־עולם פון דעם יוראפייאישען יודענטהום, דו רועה נאמן משה, האסט אויך גיזאגט פאראוים די נבואה אויף דעם אמריקאנער יודענטהום, די ווערטער „והיה לאבול" (דברים שם), אמריקאנער אידען מיט א קליינעם פראצענט אויסנאם, וועלין פראקטיצירען

## באנקעטישע קראנקהייט

אין פולען מאס די „מצוות אכילה", מען וועט עסין
אויף טיש און אויף ביינק, מען וועט מאכין
בארעכטיגטע, און אומבארעכטיגטע באנקעטין לשם
אכילה, מען וועט ארויסשטעלען אין פראנט פיערונגען
פון „בר־מצוות" ניט צו דעמאנסטרירען אידישקייט,
נאר צוליב אכילה, פארזאמלונגען שטיצען שוהלען,
תלמוד תורות, אבער, דער עיקר וועט זיין אכילה,
יובילייאומס פון החונות וועלין גיפייערט ווערין,
אפילו דריי און האלב יאהריגע, און פייער מיט
א פערטיל יאהריגע, דער צוועק איז נאר אכילה,
מען וועט שבת צו מנחה קומען מיט אטאמאבילען
אין שוהל, מקיים זיין „שלש סעודות", נאר צוליב
אכילה, מוצאי שבת־דיגע „מלוה מלכות" וועט פאר
נעמין אוויכטיגען פלאץ אין דעם אידישען לעבין,
אלץ צוליב אכילה, צדקה אינסטיטוציעס, אדער
רעליף ארבעים, וועט זיך ניט אנהויבען אן
„אלאנטשען", וואס דאס מיינט אין ווירקליכקייט,
נאר אכילה, אפילו ישיבות ,לעהר אנשטאלטען
אונטערנעהמונגען פאר פאנדען, וועט זיך ניט
אנהויבען אן א באנקעט צו ליב אכילה,
בעניפישיאל סאפייטעס, און נאך פערשידענע
קערפערשאפטען וועלין חלילה ניט עובר זיין
אויף די מאדע און אלע „עקסין" פון זייערע
בעאמטע וועלין גיעהרט ווערין מיט פייערליכע
באנקעטען צו ליב אכילה, יאהרצייטען אין
די שוהלען וואו דער נאבאלער מנהג איז גיווען
אמאהל צו געבין צדקה בעבור נשמת „פלוני בן
פלוני", וועט פארוואנדעלט ווערין אין
„אינסטיטוציעס פון שכרות", ביר, שנאפס,
און דאזענס בייגעל, לשם מצות אכילה, תשעה באב,
און „סליחות" צייט, טעג פון טרויער, און „תשובה"
באזוכין די „בתי קברות"־ן, אום צו זוכען
„זכות אבות", וועט פארוואנדעלט ווערין אין
פיקניקס, און גיזעלשאפטליכע משפחה סעודות,
צו ליב אכילה, הבלל די „נבואה" פון משה
רבנו „והיה לאכול" איז פינקטליך ערפילט
גיווארין, פונקט ווי עס איז ערפילט גיווארין

## באנקעט־ישע קראנקהייט

א אנדער „נבואה" פון „תורת משה" וועלכע מיר זעהן אין ווירקליכקייט די ערפילונג פון פסוק „אם יבוא עשו אל המחנה האחת והכהו" (בראשית ל"ב־ט) אויב עשו־ן (היטלערין) וועט גילינגען אומברייגנגען דעם יוראפייאישן יודענטהום, „והיה המחנה הנשאר לפליטה", וועט דער אמריקאנער טייל יודענטהום, זיין „לפליטה", לעזער, נעמט ניט פאר אומגוט, וואס דער שרייבער גייט „דרשנ־ין" דעם ווארט „פליטה", מיט א טיפע כונה פון „ראשי תיבות", וואס דאס מיינט „סתרי תורה" פארבארגענע סודות, הערט מיט קאפ :

„פ" פרעסין , (אכילה)

„ל" לאכען

„ט" טאנצען

„ה" הוליען

די בעלי הדקדוק , זאלין ביטטע ניט זוכען דעם „יוד" , וייל פראקטעצירען פלעזשור, אין אזא „עת צרה ליעקב", איז פון „יודעשקייט" זייער וייט .

## א פאסירונג אין ניויארק .

זייענדיג אויף אבאזוך אין ניויארק איבער אנאכט (מוצאי שבת) אין ק"ק בראנזוויל פון ברוקלין, אין מיטען סענטער פון גידיכטע אידישע באפעלקערונג, אין פאוועל סטריט, אין א גיוויסען האלל, האט זיך דאס אידישע באפעלקערונג דארט משמח גיווען מיט אכילה ושתיה, טענץ, גילעכטער, מיוזיק אויף די העכסטע טענער, ביז פינף אזהר מארגענס, די נאכבארשאפט, און איך מיט זיי, האבען גיהאט אשלאפלאזע נאכט צוליב די קולות, און פרייליכע גילעכטערס פון די טענצער ,

דאס האט פאסירט פונקט אין יענעם שבת, וואס די צייטונגען האבען גידרוקט שוידערליכע גישעהנישען, און בעסטיאלישע גזירות אין די אקופירטע לענדער פון דעם רוצח, מאדערנעם המן, און באזונדערס די שוידערליכע גרויזאמע באמבארדע, איבער תל־אביב, די אפענע אומבאשיצטע שטאט וואו א גרויסע צאהל פון אונזער פאלק, זיינען גיפאלען טויט, אידישע אומשולדיגע קרבנות וואס די הייליגע ערד פון ארץ־ישראל, האט איינגעשלונגען זייער הייליגע בלוט, אין דעם קריטישען מאמענט, וואס די האפענונג פון דאס אידישע פאלק אויף ציון איז אויפן וואגשאל, אין אזא אומגליקליכע טרויעריגע היסטארישע צייט, זאמלען זיך אידען און פראווען, עפענטליכע שמחות, וועלכע שפאלטין הימלען פון פרייד גישרייהען, אין א מאמענט ואס מעבר לים באכלען אוים גוסס־ע פון הונגער טויט, זייער לעצטין אטעם, דאס איז שוין אומפארציילין, און ווארפט דעם שווארצסטען פלעק, אויף דעם אמעריקאנעם זאטין פראייען אומפער־אנטווארטליכען יודענטהום.

אין אמעריקא איז באנקעטישע שמחות, א טאג טעגליכע ערשיינונג, און דער אייראפיי־אישער יודענטהום ווערט בוכשטעבליך פארניכטעט, פון רדיפות, הונגער, ערנידערונגען, וועלכע האבין ניט קיין גלייכען אפילו מיט דעם וואס איז גישעהן אין מיטיל אלטער.

פארברעכעריש און גימיין איז דער ענטפער פון די באטרעפענדע טייל נעמער, אין די זאגענאנטע שמחות, אז מען איז גיצוואונגען אביסיל נעמין זיך פלעזשור אום צו בארוהיגען א טייל וויס די אנגישטרענגטע נערווען, וועלכע זיינען „נעביך” צורודערט איבער דעם בראך

## באנקעטישע קראנקהײט

פון פאלק ישראל, אום אפצוכאפען דעם אטעם, אה ! טײערע „בעלי שמחות", אײער תירוץ איז טאקע גוט פאר אײערע נערװען, אבער צו ער איז גוט פאר די מאגענס פון די פארװאגעלטע, װעלכע נויטיגען זיך אין אשטיקיל הארטען ברויט, און אשיסעלע זופ, אויף צו דער האלטען די נשמה, װאס דאס װערט פון זײ אויך אויסגימידען, װײל דער דזשאינט איז גיצװונגען שליסין אזעלכע קיבען, װײל פאנדען פעלין אויס, דער קאמפײן פון „עלאיד דזשואיש אפיעל" לעצטין יאהר 1940 אין פילאדעלפיא, איז מיט א באדײטענע סומע, די קװאטאניט פארפילט געװארין, װײל במקום געבען עטװאס מעהר, אגרעסערע נדבה פאר דעם נאבאלען רעטונגס אינסטיטושען, איז בעסער ספענדין גרויסע סוממען אויף פערזענליכע שמחות, פײערונגען בוירט פארטיס יאהרליכע פון קינדיש עלטער, ביז דעם ערװאקסענעם עלטער, ניט אויס לאזען אפילו א אײנציגען יאהר .

## דער עם חכם ונבון

אט אזוי פירט זיך דער „עם חכם ונבון" אין אמעריקא, דאס פאלק װעלכע איז גישטעמפעלט אלס „רחמנים בני רחמנים", אין א „עת צרה" פון זײער בלוט און פלײש, פון מײן אנגיװײטאגטע הארץ, מײנע טײערע עסענדע, בעל שמחה־דיגע און באנקעטישע אידען, שרײ איך אויס, מיט האס, פראטעסט, און פארדראס, די װערטער מיט זײערע שארפע בעדײטונג. „לא תאכלו על הדם" , עסט ניט אויף אײערע פערזענליכע שמחות אין צײט װאס אידישע בלוט װערט פארגאסען בוכשטעבליך פון אלט, יונג, אלע קלאסען, איך פארשטײ ניט װי אזוי קענען אידען צו לאזען צו זיך שמחות, עסין און טרינקען אין צײט װאס װילדע בעסטיעס „חיתו יער" צוקען, שלעפין אידישע קערפערס, װעלכע זײ טויטען פריהער מיט מיתות משונות, װעט איך װען אײער געװיסען ניט פלאגין ? װעט דער געפיל פון

## באנקעטישע קראנקהײט

געװיסענביססע אײער הארץ װען ניט צו דריקין ? װעט אײער אידישע נשמה װען ניט אויפגיפאדערט װערין געבין חשבון ? אה ! מײנע ליבינסװירדיגע עסערס, בעפאר עס װערט ניט שפעט, אין צײט װאס מען קען נאך ראטעװען נפשות פון הונגער טויט, װעגט אויף אײער גיװיסען, טהוט „חשובה״ , און גיט „פדיון נפש״, העלפט די אומגליקליכע, גידײנקט אז „למחיה״ צוליב אײער פערזענליכען לעבין, און צוליב ראטעװען אנדערע לעבינס, האט דער שיקזאל אײך גיבראכט מיט דעם „פריהער־דיגען באסס״ אין דיזע גיבענטשטע גליקליכע לאנד .

## עס פרעגט זיך א פראגע

די ערנסטע פראגע גײט ארויף אויף דעם גידאנק און עגבערט דעם מארך, װי אזוי איז פערװאנדעלט גיװארין דאס אידישע פאלק װעלכע האט דעם טיטול „רחמנות פאלק״, צו עגאיסטישע באגריפין װעלכע זײנען אין געגענטהײל די „מדת הרחמים״ איבער זײערע מיטמענשען ? װי אזוי די מעהרהײט פון אמעריקאנעם יודענטהום גיקומען צו אזא מצב ? איך װעל פרובען פארענטפערין מיט אײניגע תירוצים, דער לעזער זאל ניט נעמען פאר אומגוט, װען דער ערשטער תירוץ װעט טראגען עטװאס דעם כאראקטער פון „מגידות־ן מוסר״, ציטירענדיג דעם מאמר אין „אבות״ : „אוי להם לבריות מעלבונה של תורה״. פון װאנען איז גיקומען דער אך, און דער װײ, פון אזא צושטאנד ? די סבה איז פשוט, „מעלבונה של תורה״, װײל די תורה װערט ניט גילערינט, און אירע גוטע מענשליכע מדות װערין ניט פראקטיצירט, „עם הארצות״ איז גינוג ברײט אויף דער אידישער גאס, ניט מען װײס פון דעם פסוק „ולא תקפוץ את ידך מאחיך האביון״ זאלסט דײן האנט נישט פארמאכען שטארק , אום ניט קומען צו הילף דײן נויטלײדענטען ברודער, און פון דעם פסוק „כי ימוך אחיך והחזקת בו״ אויב דײן בלוט און פלײש װעט פאראראמט װערין, ערנידערט װערין

# באנקעטישע קראנקהייט

דאן איז דיין חוב אים שטיצין, און אונטערהאלטען אים, ווער ווייס פון נאך פסוקים וועלכע אפעלירען פאר צדקה, מאמרים און „תלמוד" און מדרשים וועלכע לערנען גיין מיט „מסירת נפש" פאר רעטונג אומגליקליכע, אח! עס הארצות האט פארשטיינערט די הערצער, און האט פארגיפטעט צום טויט דעם רחמנות גיפיל פון די מערהייט רחמנות פאלק אין יעצטיגע עת צרה, אפילו א אידישע ציטונג ווערט דאך אמערסטען נישט גילעזין פון דעם ווערטהען אידישען פובליקום, וואו זיי זאלין זיך באקאנען מיט די טרויעריגע שויד ערליכע גישעהענישען פון דעם פייער וועלכער ברענט דעם כלל ישראל, נו, פון וואנען זאל דאס אלגעמיינע פאלק וויסען פון דעם גרויסען פאלקס אומגליק וועלכער ברייגט הונגער טויט און עלענד דארטען מעבר לים.

## צווייטע סבה

אט דוקא אט יענער קלאס מאדערנע רבנים, וועלכע זיינען גיווען גיטראיי די טראדיציע פון די נוסחאות התפילה, א גיוויסער צאהל פון זיי האבען זיך גאר גינומען מאכין בירורגישע אפעראציעס אויף דעם „נוסח התפילה", און אויף דעם טראדיציאנעלין „קריאת התורה" אין זייערע קאנגרייגעשענס, באנוצין זיך מיט טעמעס אין זייערע זאגענאנטע „סערמאנס" מיט פראגען וועלכע זיינען ווייט פון דעם כלל אידישע אינטערעסען, ניט זיי מאכען באקאנט זייערע צוהערער די פאקטין פון יעצטיגען קריטישען מאמענט, ניט זיי דערמאנען גינוג דעם חוב צום רעליף, זיי זיינען מער ניט יוצא מיט זייערע קורצע סקארבאוונע אנאנסין פאר די אפיציעלע דרייווס, און דאטס-אלל, ווען פון צייט צו צייט קומען פילענדע מענטשען מיט א פערלאנג פאר א עדלויביניש צו מאכען א לאקאלען אפיעל פאר רעליף, אדער פארן „קרן-קימת" קיין רשות ווערט אבער ניט גיגעבין, פשוט וויל עס עקזעסטירט אין זייערע שוהלען גיזעצין „הלכה למשה מסיני"... מען טאר ניט באלעסטיגען די וויזיטארס מיט אפיעלס, ניט אכטענדיג ווי

נויטיג זיי זיינען, פילייכט איז גאר דאס פאלק ניט שולדיג, נאר ווי די נביאים זאגען און גרייפען אן די פאסטובער, די פירער, די ווארט זאגערס פון פאלק, ווי ירמיהו, יחזקאל, און זכריהו האבין דעם אמת אין זייערע גיזיכטער גיווארפען, מיט ביטערע ווערטער, שארפין האס קריטיק, אויף דעם אדרעס פון די „רועי ישראל", מאנכע רבנים אמאהל און אויך אין יעצטיגען דור, „ועתידין ליתן את הדין", די צייט וועט פון זיי חשבון פאדערין.

## דריטע סבה.

אגרויסער טייל אמריקאנער יודענטהום לעריינט פלייסיג און פארטייטשט דעם פסוק ווי זיי פאסט, „לא תגיש ולא תקדים בעדנו הרעה" (עמוס ט־י) מיט דעם גידאנק, אז „ניט אונז מיינט מען דאס", דאס איז דער גיוויינטליכער באגריף פון תולה זיין „כל צרה שלא תבוא", אויף דעם צווייטען, און ניט אריינעמען זיך אין כלל, דער שרייבער פון דיזער בראשורע איז וויט צו זיין א „שונא בנפש" זיינע אמריקאנער אידישע ברידער, ווינטשען זיי חס וחלילה פארזוכען דעם טעם פון רדיפות און פורעניותן, פון דעסטוועגין האט ער דעם מוט פרעגין די „אבילה" און „באנקעט" אידען, וואס איז זייער גאראנטי, אויף זייער באהויפטונג? ווייסין זיי ניט, אז ווען א שריפה רחמנא ליצלן איז אין אשטאט, זיינען אלע הייזער פון האלץ אויך בחזקת סכנה? דער יעצטיגער וועלט חורבן ווייס ניט פון קיין גרעניצען, ער קומט „צוגאסט" אין לענדער וואו מען ערווארטעט אים ניט, נו, אז דער משלם גמול זאל שומר ומציל זיין, אז די פקידה זאל חלילה באזוכין אמעריקא אויך, צו וועט דער אמריקאנער איד האבין דעם מוט, זאגין דעם פסוק „אבל אשמים אנחנו", און מצדיק זיין אויף זיך דעם דין, בפרט ניט ווארפין חלילה א שרעק אויף די „שארית הפליטה", און ניט זאגען אפען צו די אידען די ערינסטע התראה,

לײדער עס איז אבער א פאקט, אז „צץ המטה, פרח הזדון" סימנים פון שנאה צו אונז באמערקט זיך בעדײטענס, ניט דוקא אין נידעריגע ספערין פון די באפעלקערונג, נאר תקא לײדער גאר גאר אין די „הויכע פענסטער" פון קאנגרעס, די לעזער זאלין נעמין אין אכט די סטײטמענטס פון סענאטאר חהילער און אנדערע, ווי אויך לינדענבערגס שווארצע נבואה בנוגע די אידען, אז זײ ווע לין דא אין אמעריקא באצאלען א פאגראם פרײז, פאר אריינשלעפין די לאנד אין דער וועלט מלחמה, סיליכט איז די פּליכט פון א ניט „גיזאלבטין נביא, מתרה זײן אפין דעם אמעריקאנער רוהיגען איד אויף דעם „טאמער", טאמער חלילה? און אפעלירין צו אים ער זאל זיך באוואפענען מיט תשובה, תפלה צדקה יעדער נאך זײן באגריף און איבערצײגונג, אום „מעביר" זײן די „רוע הגזירה", אז מיר אין אמעריקא זאלין אבקומען מיט „דמים" געלט פאר „עלאיד דזשואיש אפיעל", במקום „דמים" בלוט חלילה אין ווירקליכקײט.

## א גזירת תענית

איך וואלט וועלען רעקאמענדירען די ארטאדאקסישע וועלט, זײ זאלען ארויס רופען א „גזירת תענית" על הצבור, מיט קריאת „ויחל", אבער די פאסענדע הפטורה זאל זײן קאפיטעל ב' פון נביא יואל, דען ערשטינס ווערט דארט גישילדערט דער חורבן, און די „מעשי תעתועים" פון דעם מאדערנעם „הײשעריג" המן היטלער, זײנע קריגס קרעפטין, זײנע גיפאנצערטע דעוויזיעס, דעם חורבן וואס ער מאכט אן אין די לענדער וואס ער פארכאפט. צווײטענס, אין דעם זעלבין קאפיטעל דארטין ווערט אפעלירט פאר תשובה צו אלע קלאסען מענטשין, אלט, יונג, קינדער, אפילו ברוסט־בײביס. פאר א תשובה דעמאנסטראציאן, „קדשו צום, קראו עצרה", דארטין איז א ספעציעלער אפיעל צו די אלגימײנע רבנות־ע וועלט, די ווערטער „בין האולם ולמזבח יבכו הכהנים משרתי ד'," זײ זאלין האבען מער אחריות, אלס פאלקס לידערס, „יצא חתן מחדרו וכלה מחופתה", עס זאל אבגיסטאפט ווערין אין דיזע קריטישע צײטין, די מנהגי באנקעטין

פון פערשידענע חתונה יובילייאומס, וועלכע האבין
שוין די מאס איבערגיכאפט, דער שלאג ווארט זאל
זיין, „ואל תתן נחלתך לחרפה״, פיליכט נאך אזא
פאלקס ערוואכונג צו פאראנטווארטליכקייט פון אלע
קלאסין אידען, וועט די ישועה קומען צו די
„שארית הפליטה״, לויט די האפונגספולע נבואות
פון דעם באטרעפענדען נביא, און זיינע טרייסט
ווערטער צום פאלק אויף גוטע צייטען, אז די
„שרידים אשר ד׳ קורא״ וועלין גיהאלפען ווערין,
וישועה קרובה לבוא.

עס באמערקט זיך אין די רייד פון דעם
גיאכטעטען נביא יואל דער ווארט „שרידים״ וואס
מיינט „מינאריטעט״, דאס צייגט אז דער נביא האט
ניט גיהאפט אויף די גרויסע מערהייט פון פאלקס
מאססען, אז זיי זאלין צייגין א ביישפיל פון
„תשובה״, וויל ליידער האבין מיר א גרויסע צאהל
גלייכגילטיגע סלעקערס, וועלכע רעכענען זיך ניט
מיט דעם פאלקס אומגליק, און האבין אין זינען
נאר די פערזענליכע לוקסוסען און אינטערעסין,
זיי זיינען אבער פאר אונז א ספק וועגין זייער
בלוט פארוואנדשפאט זאל האבין א שייכות צום אידישען
פאלק.

אויב א באוואוסטע קריסטליכע שרייבערין
דזארדזש עליט, האט גיהאט מוט זאגין אין עפענט־
ליכקייט פאלגענדעס „אויב דו זעהסט א קריסט מיט
אחריות, און ליבט אלע מענשען, ראסען, קלאסען
אן אונטערשייד פון זייערע רעליגעזע איבערצייגונגן,
זיי ווייסען, אז זיין אבשטאמונג און בלוט פאר־
וואנדשאפט, איז פון יענע אידען קדושים, מארטירער
וועלכע די קריסטליכע ליבע האט זיי גיטריבין צו
שמד, אין די בלוטיגע רדיפות איבער זיי, מעג
דער שרייבער פון דיזע צייליו נעמין זיך די
פרייהייט, און געבין דעם אפענען סטייטמענט, אז
אויב מיר זעהן אידין וועלבע זיינען גלייכגילטיג

## באַנקעטישע קראַנקהייט

צום שיקזאַל פון זייער פאלק, און ווילען ניט נעמען טייל אין פאַלקס צער, די בלוטיגע געשעהעניש, האט זייערע הערצער ניט גירירט, און אַז אין אזא עת צרה, ליגט בא זיי אין זינען, עסין, טרינקען, און משמח זיין זיך אויף באַנקעטען, פאַמיליע שמחות, זאלין זיי ניט האבין אויף דעם שרייבער קיין פארדרוס, פאר דער שארפער קריטישער ווארט, אז זיי שטאמין אין בלוט פארוואנדשאפט פון יענע צוררים וועלכע האבין גיפייניגט אידישע טעכטער, און האבין פאר זיי איבער גילאזט לזכרון עולם א גיבורט פון א עלעמנט וואס גיבט ניט קיין כבוד דאס אידישע פאלק, וועלכע זיינען גיבענטשט מיט עגאיסטישע נייגונגען, פאר זיך און פאר זיך, און ניט האבין קיין שייכות מיטין כלל ישראל , אין זיין גרויסען פאלקס בראך .

אט דער עלעמענט ספק איד, וועלבער האט גיהאט דעם זכות גיבארין ווערין ביי אידישע עלטערן, אבער האט ניט דעם נאטורליכען צו בונד צו זיין פאלק, אין פריידען, און אין ליידען, זיין גאנצע אידישקייט באשטעהט וואס אין זיין הילפלאזיקייט, ווען ער איז גיווען אין עלטער פון „אכט טאג"... האט מען איבער אים גימאכט א טראדיציאנעלע אפעראציע, און מען האט פון אים צוגינומען א „קליינקייט"... פיליכט איז בדאי מיט די באשעפעניש סעטלען, אבשיקען אים דעם ווערטלאזין געגענשטאנד, אומקערין אים זיין היזק וואס מען האט אים פאראורזאכט, און ער זאל זיין אזוי גוט לאזין צורוה אונזער פאלק, און זאל ער גיין וואו ער באלאנגט, אונזער פאלק האט סיי ווי ניט פון אים גארנישט, און דער כלל ישראל וועט מער ניט ווי פטור ווערין פון א אומזיסטין פרעסער אויף שמחות, און באנקעטין, וועלכער גיט נישט א פעני פאר „פדיון נפש", פאר רעטונג די הילפלאזע אידישע שיף , וועלבע דער ים פון צרות ווארפט איר, און זי איז אין סכנה פון אונטערגאנג.

מעגליך, אז מיין בייסענדע קריטיק וועט מאכין ווילד אין צארין די באטרעפענדע ועמין דער שרייבער

## באנקעטישע קראנקהייט

מיינט, און זיי וועלין צו אים ווייזין זייערע צײן... ארט דעם שרייבער אבער ניט. אויב די ווערטער איז פאר זיי אנגימאסטין, נו זאלין זיי טראגין גיזונטער הייט, מאנכע אבער פון אמתע אידין, וועלכע וועלען פילייכט זיך אויסדריקין, אז דער שרייבער אין מאנכע פעלע האט „מפריז על המדה" גיוועזן, צו ווייט אביסיל אוועק, וועל איך זיי ענטפערן כהוגן בירגת הכבוד, די ווערטער פון „אין אדם נתפס על צערו", א מענש ווען ער שרייט פון ווייטאג און צער, קען ער ניט באשולדיגט ווערין, ווען ער דריקט אויס א צו הויכען ווארט קעגין יענע וועלכע זיינען די סבה פון זיין אנגיווייטיגטע הארץ, דער ווייטאג איז צו גרויס מען זאל דורך לאזען, און ניט עפענטליך פראטעסטירען.

אין מאנכע מאמענטען פון מיין שרייבען, געהן ארויף אויפין זינען פילייכט איז טאקע מיינע באשולדיגונגען ניט אין פלאץ, פילייכט בליק איך אויף דער געגענווירדיגער קריטישער צייט מיט טונקאלע אויגען גלעזער. און איך זעה אין אללעס פאדדארבנהייט און עגאיזם, איך מאך זיך אליין פארווירפע וואס איך שטיים מיט מיין פוס, מיין אומגליקליכע פאלק, אין צייט ווען זי ליגט פארזונקען מיטין פנים צו דער ערד, ווען די וועלט באדעט זיך אין מיין פאלקס בלוט, איך אליין אנאלעזיר מיין שרייבען, און פרעג זיך אליין די פראגע „הכצעקתה" ? אבער ליידער גיפין איך ניט קיין שום זכות וועלכער זאל מיך צווינגען ביטין מיינע „אויגען גלעזער" און מיינע קריטישע באמערקונגען. איך וועל פארזעצען איניגע קאפיטלאך פון מיין בראשורע, און לאזין דעם לעזער דאס רעכט אורטהיילען ווי ווייט מיינע ווערטער זיינען אין פלאץ, אדער איך גיי צופיל פאנטאסטיש, און איך וועל זיכער אן נעמין דעם „פסק דין" פון די אומפארטייעשע לעזער.

## נשים צדקניות.

אט למשל האב איך גיטראפין אין דעם פאראנגענעם הייסען זומער, אין טייל שטאט פילאדעלפיע, ווינפילד, צוויי יונגע, ניט מיאוסע ווייבליך, וועלכע האבין

## באנקעטישע קראנקהייט

אויף זיך „מקבל יסורים" גיווען, ווייל, דער צער האומה האט דער גרייכט צו די טיפעניש פון זייערע איידעלע נשמות, האבען זיך גיאפפערט אלס „קרבנות" וואלגערן זיך אין בייזינגסוטס, אויף די גרינע גראז ארום זייער הויז, כמעט אין מוטער חוה־ס קאסטיומען, לויט די פאזע פון פסוק יחזקאל (טז־כה) , זיי האבען זיך גילאזט ברענען פון די זון שטראלען זייערע שיינע געזיכטער, מיט די נאבעלע כונה, פארזוכען דעם טעם, ווי עס ליידען אונזערע ברידער מעבר לים, ווי זיי וואלגערן זיך אונטערין פרייען הימעל אן א דאך איבערין קאפ, אט די צוויי נאבעלע אידישע טעכטער וועלכע זיינען גירירט גיווארען פון דעם פאלקס בראך, זיינען גילעגען מיטין פנים צום הימעל „בפשוט ידים ורגלים" , האבען זיך מסתמא גיווענדעט צום רבונו של עולם, בעטין רחמנות אויף זיין אומגליקליכער פאלק, תפלה גיטאן צום וועלט באשעפער, „בעד השארית הנמצאה" , מאנכע פארבייגייהער האבען גיהאט „חוצפה" , חושד זיין די מארטירערינס אין הפקרות, דאס וואלט אבער גיווען א חשד בבשרות, און איך האב ניט דער לאזט מען זאל חושד זיין „נשים צדקניות" בדברים שאין בהן, קריסטליכע פאר ביי גייהער, האבען גישמייכעלט, און מאנכע האבין גיקריצט מיט די ציין, און גיוויזין אומצופרידענהייט פון אזא באנעהמונג, אבער, וואס דארף מען נעמען אין אכט קריסטליכע מיינונגען, וועלכע זיינען פילייכט „באהאלטענע אנטיסימיטען" , מעגליך אז זיי פארגינען אונז ניט האבען אין אונזערע רייהען עלעמענטען מיט מסירת נפש, וועלכע גיבין כבוד אונזער מארטירעשע פאלק. נו, חשוב־ע לעזער , דארף מען זיין פארצווייפעלט אין יעצטיגען מאמענט? ווען מיר פארמאגען אידישע טעכטער, וועלכע זיינען פרייווילליגע „קרבנות" פארן כלל ישראל, זיין די „כפרה" פאר דעם כלל ישראל, וועט דער וועלט באשעפער נישט האבען דעם מוט זאגען בזכות דיזע „נשים צדקניות־ן" צום „מלאך המשחית" :

## ב״ינקעטישע קראנקהייט

סטאפ ! , אט דיזע גישעהעניש, מוז און וועט ברייגעגען אפטעמיזם, ליכט, טרייסט, אין דעם יאהמערטאל פון אידישע טרערין און בלוט .

חברה ש״ס ג״טן .

און יעצט לעזער קומט אין א אנדער טייל שטאט פילאדעלפיע, דארטען וועט איר האבין די עהרע באקאנען זיך מיט א קלאס „גבורי האומה" , צדיקים פארבארגענע פון יעצטיגען דור, אויב איר האט נאר עפעס זכות אבות, קענט איר שבת און זונטאג קומען אין שאנק און פארטער סטריטס, און איר וועא זעהן „גלוי שכינה" אליין, מענער אין פערשידענעם עלטער, זיצען, און זיינען פאר טיפט אין די געהיימספולע לעהרע פון „ש״ס קטן", דער פלאץ פון דיזער זאנדערבארער „ישיבה", איז תחת כפת השמים, פריי אונטער די הימלען אויף די סיידוואקס, אנגיטאן אין „בגדי כהונה" אין סליפלאזע העמדער, מיט אפענהערציגקייט, כדי צו דעמאנסטרירין די „הייליגע תורה" , אנס טאר בייגיהער זאלין זעהן, און מקנא זיין די התלהבות פון די גיזיכטע, איך וועל חלילה ניט מגזם זיין מיט מיין זאגען, אז „עוף הפורח באויר" א פויגעל זאל זיך דער וועגין דורכפליהען די לופט, פון יענע „מקומות הקדושים" וועט זי „בהבל פיהם" זיכער פארברענט ווערין, די באטרעפענדע תלמידי חכמים וועלכע לערנען די פארבארגענע תורה פון דעם באטרעפענדען ש״ס, און זעהן בחוש די „חיות הקודש" די „פאפירענע מלאכים", זיינען איינגיוויקעט בראשם ורובם מיט לייב און לעבין אין רוחניות, שוועבין ארום אין די עולמות העליונים, „אשר עין לא ראתה", וואס א גיוויינטליכע אייג האט ניט דעם זכות זעהן, זיינען וויט פון מאטריאליזם ווי איך בין וויט צו אהבת היטלער, זיי זיינען אין אזא הייליגען צושטאנד , אז זיי דערוויטערין זיך פון דעם ערדישען לעבין , אפילו אבגיזונדערט פון זייערע פרויען „ברחוק

ארבע אמות", ובעיני ראיתי, איך נישטיגער מענטש
האב אליין גיהאט דעם זכות צו זעהן , ווען
פרויען האבען איינגישטעלט זייער לעבין קומען
רופען זיי צו טאפער־דינער, „טועם" זיין עפעס,
אונטערלעהענען זייערע כשרה הערצער, זיי זאלין
האבין כוחות פארזעצען די „עבודת הקודש",
האבין זיי זייערע לעבענסבאגלייטער, מדחה גיווען
בשתי ידים, פאר די הוצפה פון מפסיק זיין זיי
אין דעם „למוד הנסתר" און האבין באנוצט
דעם „שפת המלאכים" אונפארשטענדליכע ווערטער ,
„דאנט באדער אס", מאנכע פארבייגייהערפ,
ווארפין א בליק פון האס און פראטעסט פאר
אזעלכע באנעהמונגען, אין דיזע „עת צרה" ,
וואס טייכין בלוט פון אונזער פאלק ווערין
גישטראמט, אבער מיין פערזענליכער מיינונג איז
דוקא ניט מיט די קריטיקער, איך בין אליין
אפטימישטיש, און איך וויל אז די לעזער זאלין
אויך מיט מיר טיילין דעם אפטימיזעם, און זיין
צופרידען וואס אין דעם חושך פון עם ישראל,
לויכטען ליכטיגע שטערין, אזעלכע „תלמידי־
חכמים" .

אזעלכע פארבארגענע „ל"ו"־ניקעם, האב איך
גיהאט די זכיה זעהן די ערשטע נאכט ראש־השנה
תש"ב, גייהענדיג פון שוהל, אין פערציג
הונדערט בלאק פארקסייד עוועניו פילאדעלפיא, אין
צייט פון נאך מעריב, זיינען איבער א מנין
אידען גיזעסין און האבין בנעימות גישפילט
אין קארטין, מיט אזא הרחבת הדעת וואס עס איז
כדאי גיווען מקנא זיין, דער ראש השנה, וואס
זיין „ונתנה תוקף" איז א ווירקליכקייט, מיט
דעם וואס דער גרעסטער טייל פון אונזער
פאלק קומען אום דורך „מיתות משונות",
„מי בחרב" „ומי בחיה" ,„מי ברעב" „ומי
במגפה", קלייבין זיך צוזאמען אידען און
פארברייגגען גימיטליך אין די עפידעמישע צייט
פארטרייב, מוזען אזעלכע מענשען באזיצין

גאר־גאר הויבע נשמות, וועלכע מיר פשוטע בשר־ ודמניקעס קענען גאר קיין באגריף ניט האבין, ווי וייל איז אונזער דור וואס פארמאגט אזעלכע גייסטיגע ריעזען, מיט וועלכע מיר קענען זיך בארימען, און שטאלצירען, פארצייטיגע דורות, ביטטע זייט אונז מקנא.

תשעה באב, אום ראש השנה.

מיר לעבין יעצט איבער משיח־ס פיריאדע, און מיר באגעגענען וואונדערבארע גישעהענישען וואס די וועלט האט קיין מאהל פון אזעלכעס גיחלומט, פשוטע מעשי פלאים, וואונדער איבער וואונדער, אט למשל, ווי דער נביא יואל זאגט, „ההיתה זאת בימיכם"? (יואל א־ב), צו האט איר ווען אזעלכעס אין ווירקליבקייט גיזעהן? אדער אייערע עלטערין האבין אזעלכעס באגעגענד? אזא וואונדער, אזא חידוש, אז „תשעה באב" זאל אויספאלין פונקט אום „ראש השנה" אה! איר קוועטשט מיט די פלייצעס, אייך וואונדערט אזא זאנדערבארקייט, איר צווייפעלט אין דיזע רעטעניש, איר זייט חושד דעם שרייבער אז ער איז חלילה אין א צו שטאנד פון ניט קלארען פאר שטאנד, אבער איך פארזיכער אייך בהן צדקי, אז אללעס וואס איך זאג, איז אמת ויציב, איך באשטעטיג מיינע רייד מיט א שבועה, אזוי זובה זיין זעהן במפלת צוררי ישראל, ווי ריכטיג איז אט דיזעס וואס איך דער צייל די פלאי פלאים, פון תשעה באב יאהר תש"א, אין א פילאדעלפיא שוהל, איז פערוואנדעלט גיווארין, אין א אבסאלוטין „יום הדין" ראש השנה טאג, מיט אלע קליפערליך.

ומעשה שהיה כך היה, הערט זיך צו ביטטע בשום לב, איר זאלט האבין וואס צו דערציילען

## באנקעטישע קראנקהייט

אײערע קינדער , ווי דער נביא יואל זאגט,
„עליה לבניכם ספרו", אדער ווי דוד המלך זאגט
וואו אין זיין תהלים , „ולמען תספרו לדור אחרון
כי זה", דער שרייבער האט באזוכט א שוהל אין
דעם אידישען טראדיציאנעלין טרויער טאג תשעה־
באב תש"א , אין א טרויעריגע שטימונג, ערשטינס
וויל דער יאהר צייט פון חורבן בית המקדש, האט
זיין הארץ גידריקט, און צווייטינס וויל אין אונזער
צייט ווידערהאלט זיך א פאלקס חורבן, די שוידער־
ליכקייט , און דיווירקליכקייט פון א קריטישען
מאמענט, ווען מיליאנען אידען נדחי ישראל ווערין
גיפייניגט , און ווערין אומגיבראכט דורך מיתות
משונות, דם ואש, ותמרות עשן, די נדחים
פארחושבטע אין די מדבריות , אשר לחרב לחרב,
שווערד און הונגער האבין זיך פאראייניגט,
דער „הסתר פנים" פון דעם בורא, איז פול אין
זיין ערפילונג, און מיט א אינערליכען הארץ
ווייטאג ווילט זיך אויסשרייען דעם מאדערנעם
„אוי מה היה לנו", די שוהל אידען האבען טאקע
גידאוועגט דעם טראדיציאנעלין דאווגען, מיט דעם
„עננו ד' עננו", גאט פון הימעל ענטפער אונז,
מען האט טאקע גילייענט די קריאה פון „תשעה־באב"
וואס דער אינהאלט פון די קריאה , איז טאקע
די התראה פון תורת משה אויף דעם געגענווירדיגען
חורבן נאך אין פאראוים, די הפטורה מיט איר
טרויעריג אפעלירענדען ניגון, ירמיהוס קלאג
ווערטער, „כי קול שועת בת עמי מארץ מרחקים"
די טרויעריגע גרוסין פון עבר לים, אויף
וועלכע דער מקונן האט גיקלאגט „מי יתן ראשי
מים", דער נביא ווינטשט זיך אז ער זאל באזיצין
טייכין טרערין באווייגען דעם בראך פון זיין פאלק
אין דעם ציווילעזירטען 20־טען יאהר הונדערט,
וואו די הויכע אידיאלין אויף וועלכע מיר האבין
גיהאפט „בצלם לחיות בין הגוים". זיינען אין
פאלשטענדיגען באנקראט. די מתפללים האבין
אנגיפאנגען זאגען די גיוויינטליכע קינות,

וועלכע פאסען זיך צו אלע דורות. ספעציאל
אויף יעצטיגען פאלקס חורבן, פלוצלינג אבער
האט זיך דערהערט א „בת קול" ממרומים, מען
זאל סטאפען זאגין די קלאגליכע קינות, מען
זאל מאכען גלייך דעם „דירעקין" צום „אלי-ציון"
און דאטטס-אלל, אויף די „בימה" זיינען ארויף
די שוהל פערוואלטער, און העכער ווי א מנין
חזנים זיינען ארויס אויף די סצענע, יעדערער
זאל האלטין „בחינה" פראבע, צו וועט ער האבין
דעם זכות זיין א שליח צבור פאר די קומענדע
„ימים נוראים".

יעדען חזן איז צוגיטיילט גיווארין דער כבוד
זאגין איינעגע חרוזים פון „אלי ציון", נאכהער
איז גיקומען די רעכטע גידיכטע פון זינגען
„אתה זוכר" מוסף פון ראש-השנה, א צווייטער האט
בנעימות גיזונגען „אתה נגלית", א דריטער האט
מיט „השתפכות הנפש" גיזונגען „הבן יקיר לי
אפרים" א פערטער האט מיט צופרידענהייט
משמח גיווען דעם „יום טוב" גישטימטען פובליקום
מיט א גיזאנג „ועל ידי עבדיך הנביאים", א
פינפטער האט אויף די העכסטע טענער גיזונגען
„וביום שמחתכם", און אזוי ווייטער, איז
פארגיזעצט גיווארין בגילה ברנה, בדיצה וחדוה
אלע תפלות פון ראש-השנה, וואו די לופט איז
גיווען פול מיט ימים נוראים שטימונג,
זעהענדיג דעם ספעקטאקל, האט דער שרייבער
אונטער דעם איינפלוס פון „עונג יום-טוב",
זיך גיווענדעט צום שוהל פערוואלטונג מיט א
ביטטע פון זיך „מלך אביון", מען זאל אים
אויך מזכה זיין מיט דעם פארגיניגען ארויס
מיט א טענציל, און זינגען בגילה ברנה
דעם „היום תאמצנו", מאכין דעם יום טוב
תשעה באב פארפול, און איינלאדין אלע מתפללים
אויף „קידוש היום" כמנהג גוברין יהודאין
אום יום טוב.

אט אזוי איז גיפייערט גיווארין דער „חשעה־באב" תש"א, אין א שוהל וואו מען האט באווײנט דעם אמאליגען, און געגענווירדיגען חורבן יעצט, אין א צייט פון „הרת עולם" פון בוכשטעבליכען אונטערגאנג פון אונזער פאלק.

איך ווענדע זיך צו די לעזער, זיי זאלין זיין פול אפטימיסטיש, און ניט זיין פארצווייפעלט, אויב מיר האבין דערלעבט די זאנדערבארע גישעהעניש פון א„צווילינג", חשעה־באב און ראש־השנה אין דעם זעלבין טאג, איז א פארזיכערונג, אז דער „דורש דמים" וועט גלייכצייטיג נעמין ראבע פאר אונזערע אומזיסט פארגאסענע בלוט, מיר וועלין נאך זוכה זיין א טייל נעמין אין „שמחת ירושלים" לויט דעם אויסדריק פון פסוק „שישו אתה משוש" פרייט זיך אידאלעך מיט פריילכע ניגונים און דעם נוסח תפלת שופרות פון ראש השנה, „כל המתאבלים עליה" אלע וועלכע קלאגין אויפין חורבן אום תשעה באב, ושלום על ישראל.

איך שרייב די קאפיטלאך מיט גילונגענעם אדער אומגילונגענעם סארקסיזם, צו גיזאלצין מיט א וויץ, איך באדויער דאס אבער, וויל עס דארף זיך ניט וויצלען, ווען טאג טעגליכע איובים בשורות קומען אן מעבר לים, איינע שרעקליכע פון די צווייטע, אונזער בלוט האט פארפלייצט גאנץ יוראפ, הונגער טויט האט פארשפרייט זיינע פליגלען איבער יונג און אלט, און מיר זאלין נאך גיין א „טענציל" אויף די פרישע קברים מיט א וויץ, גלויב איך אז דאס איז ניט אין פלאץ, איך וועל פארזעצען מיין שרייבען מיטען פולען ערינסטקייט, און וועל נעמין אויפין צימבעל ווי מען זאגט, און געבין א גלעט אין באק א געוויסען צאל רבנים, וועלכע דארפין וויזין אחריות, ליידער אבער, דאס איז נישט אזוי. איך וויל באשרייבען א גישעהעניש וועלכע האט גיבראכט א דריקונג אויפין הארצען, אזן דאס בלוט אין

פנים פון חרפה און שאנד, איך וועל דערציילען
די גישעהעניש אן שום באפוצונג, פונקט ווי
יענער גיאכטעטער רב האט מיר דערציילט, און
וועמעס ווערטער איך צווייפיל ניט אויף א האר,
און די גיזעלינשאפט זאל אורטהיילען, צו יענע
כנופיא רבנים האבין פארדינט אנערקענונג,
אדער אנגיגריפען ווערין מיט קריטיק ווי זיי
האבין פארדינט.

## מעשה ברבנים שאכלו

אזוי האט פאסירט אין א געוויסען האטעל,
א זומער פלעזשור פלאץ, א צאהל רבנים האבין
גיוואלט מקיים זיין דעם פסוק „בכל אות נפשך
תאכל בשר” (דברים יב־כ), אבער דאס איז
אויסגעקומען פונקט אין ניין טעג שנת תש”א,
נו, רבנים און דוקא ארטאדאקסישע האבין זיך
שוין געגעבען א עצה, אויב ניט פלייש, וואס
די טראדיציע פארבאט עסין אין די טרויער טעג,
האט מען גימאכט א שינוי מיט סערווירען
גיבראטענע ספרינגערס, דעם באטרעפענדען האטעל
האט באזוכט א געוויסער פערזענליכקייט, וועלכער
איז באקאנט צו די יושבי מסובין בהרחבה, און
האט באטראכט ווי רבנים „קלאגין” אויף חורבן
ירושלים ומקדשה, דער באטרעפענדער גאסט איז
איינגילאדין גיווארין צום טיש משתתף זיין זיך
בצער האומה, די פערזענליכקייט האט אבער
אפען באמערקט אז ער איז א פארלעגענהייט צו
זעהן אז רבנים עסין פאר תשעה־באב טשיקינס
סאבסיטוט פלייש, וואס פאר רבנים איז דאס ווייט
ניט פאסענד, די ווירדיגע רבנים האבין
בארואיגט דעם גאסט, אז ער זאל ניט „מהרהר”
זיין אחרי שולחנם של תלמידי חכמים, אז די
סעודה וואס מען עסט בשר עוף, איז א „סעודת־

## באנקעטישע קראנקהייט

רעדנערס זיינען איינגילאדין גיווארין אריינ־ברייננגען א ביזנעס גייסט פון א היימישען „מארק טאג" אין די שוהלען, אין פולין זיין פון ווארט, א רעדנער האט גיוויזין א גרויסע מאס עם הארצות, אין דעם זין, און בעדייטונג פון „כל נדרי", האט גימאכט א חל־עולם פון דעם טראדיציאנעלין יום כפור, ניט חלילה אלס אנארכיסט, אדער ערשט קלאמישער פריידינקער, נאר אומוויסענהייט, האט גישפרייט „פעריל" פון זיין כשר־ן מויל, לייכטזיניגע וויצין, גלייכווערטליך, מעשות פון קינדהייט, וועגין די פעטש וואס זיין גאט זעליגע מאמע האט אים מכבד גיווען אין זיין אינגעלשע יאהרין, ער האט גיגעבין א פארציע פון „מיני מטעמים", פון ביליגען הומאר, אז די זאגענאנטע מתפללים, האבין מיט בעגייסטערונג עפענטליך אפלאדירט דעם רעדנער, מיט צוקער זיסע „מחיאת כפים", און די נשמות פון די „אנוסים", די וועלכע האבין אויס־גיהויכט זייערע אטעמס על קידוש השם, אין דעם אינקוויזיציאנער פייער, פון שפאניע, און פארטוגאל, די אמתע מחותנים, געסט אין די שוהלען, וועלכע זיינען אונזיכטבאר צו די לעבעדיגע, זיינען אוועק צוריק אין גן־עדן אויף זייערע גילעגערס מיט פעראכטונג צו דעם ספעקטאקיל וואס זיי האבין בײ גיווען אין אזעלכע זאגענאנטע שוהלין, וואו די פערוואלטונג ליגט אין גראבע עם הארצותשע הענט, פון פרעזידענטען און גבאים, וועלכע זיינען א שטאלץ פאר זייערע גיאכטעטע קהלות.

צוליב די פערילדיגע דרשה פון רעדנער, און צוליב נאכהער דעם „מארקעט" פאר ביזנעס, האט דער חזן מקצר גיווען די תפלות, אום די מתפללים זאלין קענען גיין אהיים, זיס אויס־שלאפין זיך, נאך דעם פרייליכען ספעקטאקעל,

דעם לעבינס באגראבענעם קבר פון אמת, און
דאס געווארפין אין מיין קאפ, מיך פארוואונדעט,
און אויך צושטערט מיין גאנצען פלאן פון
באפרייען דעם מארטירערשין אמת, איך וויס פאראויס
אז מיינע קריטישע באמערקונגען פון דיזע בראשודע,
וועלין ניט פארמערין מיינע פריינד, און זיי וועלין
אויפרייצען אויף מיר א טיפע שנאה מצד א טייל
פון געזעלנשאפט וועלכע וועלין געטראפין ווערין
דירעקט פון מיין קריטיק, אדער מאנכע וועלען
אויסטייטשען אז דאס מיינט מען זיי, אבער מיר איז
אומעגליך פאר זיי אונטערבויגען מיין קאפ, און
ניט אויסשרייען מיין הארץ פראטעסט, קעגין די
וואס מיט חוצפה, און עם הארצות האבין איבער-
גינומען א גרויסע דעה, איבער אללעס, וואס
איז די שארית הפליטה פון אונזערע טראדיציעס,
הייליגטהומס, און האבען צוטראטין מיט זייערע
אומריינע פיס די פלאצונגען פון דעם אידישען
רעליגעזען נאציאנאלען ווינגארטען, איך וועל
שטעלין אין סכנת נפשות מיין לעבין, און וועל
שילדערין פאר די לעזער דעם חילול השם וואס
מאנכע שוהלען האבין פאראורזאכט, די לעצטע
ימים נוראים.

אמת די צייטונגען האבין גידרוקט באריכטען
אז די שוהלען זיינען דיזען יאהר גיוועזן גיפאקט
פול ראש השנה, און יום כפור, און די רעפארטין
זיינען גיוועזן מיט א ביסעלע זאלץ און פעפער
באנוצט צו ליב א בעסערין טעם, ליידער אבער אין
די ווירקליכקייט, איז גיוועזן עפעס אנדערש,
איך וועל געבין כבוד מיין אייגענעם מקום קדוש,
וואו איך האב גיהאט די זכיה זיין דער מתפלל
שחריתים, און אויך פון די איבערגעגעבענע
הנהגות פון אנדערע „מקומות הקדושים" וואס
זיינען פערוואנדעלט גיווארין אין טיאטערס,
ספעקטאקילס, און אפלאדיסמענטען.

רעדנערס זיינען איינגעלאדין געווארין אריינ־ברייגנען א ביזנעס גייסט פון א היימישען „מארק טאג" אין די שוהלען, אין פולין זיין פון ווארט, א רעדנער האט געוויזין א גרויסע מאס עם הארצות, אין דעם זין, און בעדייטונג פון „כל נדרי", האט גימאכט א תל־עולם פון דעם טראדיציאנעלין יום כפור, ניט חלילה אלס אנארכיסט, אדער ערשט קלאסישער פריידענקער, נאר אומוויסענהייט, האט גישפרייט „פעריל" פון זיין כשר־ן מויל, לייבטזיניגע וויצין, גלייכווערטליך, מעשות פון קינדהייט, וועגין די פעטש וואס זיין גאט זעליגע מאמע האט אים מכבד גיווען אין זיין אינגעלשע יאהרין, ער האט גיגעבין א פארציע פון „מיני מטעמים", פון ביליגען הומאר, אז די זאגענאנטע מתפללים, האבין מיט בעגייסטערונג עפענטליך אפלאדירט דעם רעדנער, מיט צוקער זיסע „מחיאת כפים", און די נשמות פון די „אנוסים", די וועלבע האבין אויס־גיהויכט זייערע אטעמס על קידוש השם, אין דעם אינקוויזיציאנער פייער, פון שפאניע, און פארטוגאל, די אמתע מחותנים, געסט אין די שוהלען, וועלבע זיינען אונזיכטבאר צו די לעבעד־דיגע, זיינען אוועק צוריק אין גן־עדן אויף זייערע גילעגערס מיט פעראכטונג צו דעם ספעקטאקיל וואס זיי האבין ביי גיזען אין אזעלכע זאגענאנטע שוהלין, וואו די פערוואלטונג ליגט אין גראבע עם הארצותשע הענט, פון פרעזידענטען און גבאים, וועלכע זיינען א שטאלץ פאר זייערע גיאכטעטע קהלות.

צוליב די פערילדיגע דרשה פון רעדנער, און צוליב נאכהער דעם „מארקעט" פאר ביזנעס, האט דער חזן מקצר גיווען די תפלות, אום די מתפללים זאלין קענען גיין אהיים, זיס אויס־שלאפין זיך, נאך דעם פרייליכען ספעקטאקעל,

וועלכער רופט זיך „כל נדרי״.

ניט בעסער איז פארגיקומען מיט דעם
ביזנעס גייסט וועלכער האט גישוועבט אין שוהל
יום כפור פאר „יזכור״, די נשמות פון די
פארשטארבענע, וועלכע האבין גיקראגין א אויפ־
נאהמע פון פובליקום, אלס הימעלשע געסט,
וועלכע זיינען גיקומען אויף די איינלאדונג פון
זייערע לעבעדיגע קרובים צום „עולם התחתון״,
מען האט זיי מכבד גיווען מיט א פארציע געלט
מאכעריי, אויסהערין נדרים ונדבות פון גוט־
הערציגע, און זעהן ווי א אידישער „העלד״,
האט גיוויזין העלדישען מוט מחלל זיין כמעט
בפרהסיא קדושת יום הכפורים, מיט שרייבען נעמען,
אדרעסין און סוממען פון נדבות, אין אנדייקונג
פון זייערע פארשטארבענע קרובים, אין יזכור
צייט פון דעם הייליגען טאג יום כפור, דער
„מארקעט״ האט זיך פארצייגען בערך ביז איינס
דרייסיג מיטטאג, די צייט איז שוין גיווען קורץ,
פאר תפלת מוסף. דער חזן האט שוין גימאכט
א „האררי־אפ״ דזשאב, די תפלה פון עבודת
יום הכפורים, איז גיפאלין דער קרבן אויף
דעם מזבח פון עם־הארצות־שע מנהיגים פון
אונזערע בתי תפלה, דורך זייער אומוויסענהייט
איז ניט דערלאזען גיווארין זאגין די טרויעריגע
אפעלירענדע „פיוטים״ פון נאך די „עבודה״,
וועלכע זיינען פול מיט ערינסט, קדושה,
ערהאבענע ווערטער וועלכע שילדערין דעם
גרויסען אומגליק פון חורבן הבית אמאהל,
און אויך די אידישע לאגע, אין יעצטיגען
קריטישען מאמענט. דער „קענסער״ פון עם־
הארצות און אונוויסענהייט, האט זיך אין
דער ליינג און אין דער ברייט פארשפרייט אויף
דעם אידישען רעליגעזען און נאציאנאלין

קערפער, דער גיפט האט שוין לאנג דורכגעדרונגען צום
הארץ, אונזער פאלק איז בחזקת סכנה, היטלער אויף
דעם יוראפיאישען קאנטינענט, און אידישע עם-
הארצים, אויף דעם אמריקאנער באדען, טוהען אלץ
אין זייער מעגליכקייט, אומברייננגען דעם אידישען
גוף, מיט די נשמה צו זאמען, איז קיין הילף נישטא?
זיינען מיר חלילה פארלארין ? איך שריי אויס פון
טיפעניש הארץ דעם זעלבין אויסדריק פון דעם
גיאכטעטין נביא עמוס, ווען ער האט גיזעהן ברוח
הנבואה דעם גרויסען בראך פון זיין פאלק, דעם
באשלוס פון גאט נעמען ראכע פון די פושעי ישראל
פון יענע צייט, האט ער גיווענדעט זיינע אויגען
און הארץ צו גאט מיט די טרויעריגע אפעלירענדע
ווערטער : „ד' , אלקים, סלח נא, מי יקום יעקב
כי קטן הוא". אלמעכטיגער גאט, פארגיב, זיי מוחל
אט די זאגענאנטע פושעים, ווער קען אויפהויבען
יעקבן פון זיין זומפ, ער איז דאך קליין, שפלדיג,
קינדיש מיט שוואכין פארשטאנד באגרייפין זיין
לאגע, די סכנה פון זיין אונטערגאנג, הכלה אחת
עושה לשארית הנמצאה ? צו מיינסטו רבונו של עולם
מאכען א ענד, פון די בני אברהם יצחק ויעקב ?
אה ! גאט וויז דיין אייביגען רחמנות, גיב די
פושעי ישראל א הארץ פון פלייש, זיי זאלין
אנהויבען פילען אחריות צו זייער אומגליקליכע
פאלק .

## מליצי יושר

מיר באגעגענען א קלאס מענטשען וועלכע זוכען
בארעכטיגקונגען אויף פארברעכין, און זוכען
פילע תירוצים רעכטפערטיגען די באנקעט עפידעמיע,
דרום געפין איך פאר נויטיג ענטפערין א בריף
שרייבער אין „פארווערטס" , וועלכער אינדאסירט
פייערליך דעם „באנקעט" מנהג , ער גיט אן זיין
מיינונג, אז די שמחה-לעך ברייגען אומדירעקט
פינאנציעלע הילף, צו אונזערע ברידער מעבר-לים.

ווייל די אנוועזענדע טייל נעמער, עפענען זייערע הערצער און פאקעטס פאר מלחמה ליידענטע.

איך פערזענליך בין א אפיקורס אין דעם, און איך בין גרייט אפפערין א „רעווארד", מאכען א „באנקעטיל" אין עהרע פון דעם יעניגען וועלכער וועט מיר ברייגנען כאטש א רמז פון א צייטונגס רעפארט, אז אזא און אזא סוממע איז אריינגיקומען פון „פלוני בן פלוני" באנקעט שמחה, פאר „מלחמה קרבנות" פיליכט דער באטרעפענדער דן לכף זכות, האט אין זינען די מנהגים פון די ערשטע וועלט מלחמה, וואס אין יענע צייטען, בימים ההם, איז טאקע גיווען אין פראקטיק דיזער נאבעלער מנהג, אבער אין יעצטיגען וועלט חורבן, און אידישע פאלקס קאטאסטראפע, איז וויט דער מנהג ארוים פון מאדע, און קיינער וואגט איהם נישט דערמאנען, הס מלהזכיר.

## א חסידישע שמחה.

יעצט וויל איך שטעלין זיך, מיין פערזאן זעלבסט אין „סכנת נפשות" באמערקין א גישעהעניש וועלכע וועט מעגליך אנרירין דעם כבוד פון א טייל „אדמורים", גוטע אידען וועלכע פארדינען א קניפ אין באק, מעגליך אז גיוויסע זייערע חסידים וועלען אויפגירעגט ווערען פאר מיין „חוצפה", און זיי וועלין פרובען מיך פארברענען „בהבל פיהם", דער פאר וועל איך נעמען אין מיינע הענט די ברעגין פון די „ציצית" פון מיין „טלית קטן" פאר באשיצונג, און „ליתר שאת" וועל איך ציטירען א פאסענדען מאמר חז"ל, וועלכער קען זיין א גוטער שייכות צום אינהאלט פון מיין שרייבען וועגען די אחריות פון מאנכע „גוטע אידען", אונזערע גייסטיגע

פיהרער, די „גדולי הדור", וואס „מפיהם אנו חיים", לעזט מיט אויפמערקזאמקייט: מר בריה דרבינא, עבד הילולא לבריה, חזנהו לרבנן דהוו קא בדחי טובא, אייתי כסא דמוקרא בת ת' זוזי ותבר קמייהו ואעציבו (ברכות ל"א).

אין מאמע לשון: דער אמורא מר דער זון פון רבינא האט חתונה גימאכט זיין זון, ער האט באמערקט, אז די איינגילאדענע רבנישע געסט האבען איבער „גיכאפט די מאס", און זיינען גיווארין צופיל פריליך, זיין מיינונג איז גיוועז אז אידען אין אלגעמיין, און ספעציאל „רבנים" טארין ניט מאכען זיך צופיל פריליך, אויסערדין זיין פארדראס מונדליך איז פאר אים גיוועז ניט פאסענד, האט ער גינומען א ווערטהפולען בעכער, וועלכער האט גיקאסט פיר הונדערט דאללער, און האט דעם באטרעפענדען בעכער צו בראכען, זיי האבען פארשטאנען זיין וואונק, און זיינען גיווארין אומעטיג.

איך האב גיבראכט די ציטירונג פון תלמוד צוליב די אויסערגיוויינטליבע גישעהעניש, וואס דער „טאג" און דער „מארגען זשורנאל" האבען באשריבען מיט גרויס ענטוזיאזם, די גישעהעניש פון די חתונה ביי א „גוט אידישער" אדמורישע פאמיליע, פינקטליך די „כשרה טענץ" וואס דער ווירדיגער „הייליגער רבי" אליין האט גיהויבען די פאלעס, און האט מיט בעגייסטערונג גיטאנצט, די חסידים, קאמיטטייען פון פערשידענע שטעט, האבען אין דעם גיזהען פשוטע „גילוי שכינה" און די „סעודה" וועלכע די צייטונגען האבען אנגירופען „הייליגע גיריכטין" זיינען סערווירט גיווארין, און די געסט האבין זיך „פאסמא-קעוועט", די „שכינה" כביכול אליין איז אנוועזענד גיוועז, באשיינען די שמחה... דיזעס איז פארגיקומען אין א קריטישע צייט ווען דאס אידישע פאלק, ווערט גיאגט „מים עד ים", אין

א צייט וואס דער פסוק „טובים היו הללי חרב מחללי רעב" איז מקוים געווארן אין זיין פולין אינהאלט, קומען „צדיקי עולם" גוטע אידען, וועלכע דארפין וויזין אחריות אין דיזער „עת צרה" און דארפען פארשטארקען די „ידים רפות" פון פאלק, געהען גאר ארוים „במחול משחקים" טאנצען „בשרה טענץ", ווי אין רוהיגע גוטע צייטין, און מאכען עפענטליכע חתונות, אין א צייט וואס דארף זיין אין פראקטיק דער „יצא חתן מחדרו" קלאגען אויף יעצטיגען שוידערליכען חורבן, איך ארעמער „שפל ערך" עפר ואפר תחת רגלי הצדיקים, צווייפעל צו דער איינפלוס פון אזא גיהייבענע חתונה קען האבען ווירקונג צו פארבעסערען למשל דעם אידישען „חנוך", און „שמירת שבת", און נאך שוואכקייטען וועלכע נויטיגען זיך אין פארשטארקונג, דורך דעם בעדייטענדען צאהל „גוטע אידען" וועלכע דער שיקזאל האט זיי גיבראכט אויף דעם אמעריקאנעם באדען „למחיה" אויפלעבין דעם פארחלשטין יודענטהום, מיט דעם גרויסען איינפלוס וועלכע זיי קענען האבען דעם פאלק, זיי האבען אבער ליידער פארגעסין זייערע פפליכטען.

גאט זאל נא מיר מוחל זיין וואס איך בין א „מהרהר אחרי שולחנם" של גוטע אידען, גדולי הדור וועלכע זיינען זיך מתנהג, ווי פשוטע „בשר ודמניקעס", מיט מאכען עפענטליכע שמחות, „אם בארזים נפלה שלהבת" אויב אדמורים זיינען אויך „קראנק" אויף די „מחלת הבאנקעטים" און פראקטיצירען „הייליגע חתונות", וואס פאר א מיטיל קען מען באנוצען אויף דעם המון, אים מאכען באוואוסטזיניג, און פערלאנגען פון אים אחריות.

פאר מיינע אויגען איז יעצט די אגדה פון תלמוד, וועגין אלישע בן אבויה ווי עס פאלגט:

מאי חזא? מטטרון דאתיהבנא ליה רשותא למיתב ולמכתב זכותא דישראל. (חגיגה טו)

דער תלמוד דערציילט, אז אלישע בן אבויה האט באמערקט אין „פרדס" אין די „עולמות העליונים", אז דער „מלאך מטטרון" זיצט און שרייבט, וואס דער זיצען ביי א „מלאך" איז נישטא אין די ווירקליכקייט, וויל מלאכים „שטהען" שטענדיג, „שרפים עומדים ממעל לו", און דא זעהט ער גאר אז מטטרון דער גרויסער און הייליגער „מלאך" זיצט גאר, האט דער באטרעפענדער „אחר" (אלישע בן אבויה) אנגיהויבען אין גאנצין צווייפלען אין דעם הימעלשין עקזיסטענץ... אט „אחר"ים פאנטאזיע וועלכע האט באמת ניט קיין ווירקליכקייט, אבער אזא פאנטאזיע אין אונזער לעבין, ליידער זעהן מיר, „גוטע אידען" די זאגענאנטע „מטטרונם" מאקע „זיצען", און זיינען ווייט פון א מלאך, וועלכער דארף „שטיין" אכטונג געבין אויף פאלקס אינטערעסין, זיי גיבען זיך אבער אפ מיט „בשרע טענץ", און עסין „הייליגע גיריכטען", נאמיר האפין אז אזעלכע הנהגות פון „אדמורים" וועלען זיין קליין אין צאהל, און צו יעניגע „אדמורים" יעניגע „רבנן דקא בדחי טובא", יעניגע „גוטע אידען" וועלכע פראקטיצירען אין א צו גרויסע מאס פריליכקייט, וועל איך א „ווערטהפולען בעטער" פאר זייערע אויגען ניט „צו ברעכען", נאר איך וועל זיי ווייזין אונזער צובראכענע גירודפטע פאלק, „גוי קורקו ומבוסה" די גישענדענע אומה, אונזער בלוט און פלייש, זאלין זיי זעהן די פאנאראמע, און זאלין ווערין אומעטיג, און ווערין מיט מעהר אחריות. א ה! גאט, „פקח עיני אלה", עפין זייערע אויגען, און זאלין זיי זעהן אויף וואסער וועלט זיי זיינען.

## סעודת חברא קדישא

אז מיר רעדין שוין וועגען סעודות לשם שמים

איז כדאי מפרסם זיין אויך א סעודה מיט אלע קליפערליך, אפילו מיט דעם „ביטערין טראפין" וועלכער האט „רויט" גימאכט די „נעזער" פון די באטרעפענדע טייל נעמער, און מאנכע פון זיי זיינען גיווען „בגילופין", אז זייערע רייד, און באנעהמונגען זיינען גיווען גאנץ ווייט פון פאראנטווארטליכקייט, דאס האט פאסירט אין א פילאדעלפיער שוהל זונטאג דעם 17-טען כסלו תש"ב, וואו עס איז גיפייערט גיווארין די סעודה פון „ט"ו כסלו", וועלכע האט א אלטע טראדיציע צו די „חברא קדישא", די לעזער זאלין ניט זיין נאיוו און פרעגין צו זיי זיינען טאקע מתעסקים בעניני מתים, טהרה וקבורה? און צו מען האט פראקטיצירט דעם טראדיציאנעלין תענית ט"ו כסלו? און גלאט די שייכות פון מאכען א „נדחה" אין „לוח", פון ט"ו אויף י"ז, אזעלכע פראגען זיינען ביטטע ניט אין פלאץ, דער עיקר איז די „סעודת מצוה", עסין און טרינקען, דגים וכל מטעמים, טאקע אין דער פרי נאך דעם דאווענען, ווער דער אפעטיט איז דא ב"ה, די אנוועזענדע האבען זיך משמח גיווען, און אזוי בנעימותדיג פארבראכט, א כפרה דעם וועלט חורבן, להכעיס די שונאי ישראל, וועלכע ווילען אומברייינגען אונזער פאלק, די גישעהעניש איז א באווייז, אז לא אלמן ישראל און אז „אידישקייט" איז גינוג דא אין אמעריקא אפילו סעודת ט"ו כסלו פון צווייפעלהאפטע חברים, פון „חברא קדישא", אין פילאדעלפיא, ווערט גיפראוועט, אלס „ריח ניחוח לד'".

## משתה נשים

עס איז כדאי אפעלירין צום אידישען פובליקום אז זיי זאלין באגריסען די נאבעלע אינסטיטוציע פון פרויען קלאבין אין פילאדעלפיע, אט יעניגע „נשים שאננות", וועלכע ארגאניזירען

באנקעטישע קראנקהייט

זיך , און מאכען מיטינגען אום בּאראטהן זיך, וועגען וויכטיגע אונטערנעהמונגען בנוגע דעם „מאגין״ וואו, וועו, ווי, מאכען דעם קלאב אינטערעסאנט מיט א גוטען „גישמאקען מאהלצייט״ עטליכע מאהל אין יאהר, ספעציאל אויף א אויסערגיוויינטליכע נויטווענדיגקייט זומער ארוים פארין אין אטלאנטיק סיטי, פאר א „גוד־טיים״, אזעלכע קלאבּין דארפען באגריסט ווערין, וויל זיי זיינען „ליכטיגע שטערין״ אין יעצטיגע פינסטערע צייטין, ווייבערלאך, עסט גיזונטער הייט, און דער עסין זאהל אייך וואהל באקומען .

## דער שלום

מיין ענטפער אין אלגימיין צו יענע וועלכע וועלין ניט אן נעמין מיינע רייד פון התנצלות, אז איך בין וויט פון צו זיין א שונא ישראל , מיט דעם אויס־ גירעכינטען צעטיל חטאים ופשעים, אין דיזער בראשורע, וועלכע איך האב אין עפענטליכקייט ארוים גיבראכט קריטישע באמערקונגען, וועל איך זאגין אין קורצען אויב אז ישעיהו הנביא איז גיווען א אנטיסימיט מיט זיינע ווערטער : „ זרע מרעים בנים משחיתים״, און אויב דער פאלקס מקונן ירמיהו איז גיווען א אנטיסימיט מיט זיינע ווערטער אויף דעם אדרעס פון זיין פאלק „מנאפים עצרת בוגדים״, דאן, בין איך אויך גרייט אננעמין דעם טיטול אנטיסימיט, שונא ישראל, והמשכיל יבין .

ד ע ר פ ע ר פ א ס ע ר